ע. סעטאָן טאָמפּסאָן.

# דער פוקס און זיין געזינדל.



רויכעלס אילוסטרירטע קינדער-ביבליאטעק.

# דער פוקס און זיין געזינדל.

## I.

שוין באלד מער ווי א חודש, אז כמעט יעדן טאג ווערט ביי אונז פארפאלן אן אנדער הוהן, און, ווי נאר איך בין געקומען א היים קיין ספרינגפעלד אויף די זומער-קאניקולעס, האב איך באשלאסן איינמאל פאר אלעמאל צו דערגיין די סיבה דערפון.

באלד איז די זאך פאר מיר געווארן גאנץ קלאר. די היהנער פלעגן געוויינלאך פארפאלן ווערן איינציקווייז אין איין דערזעלביקער צייט: אדער פארדעם, איידער זיי האבן זיך געזעצט אויף דער נאסידעלע, אדער אין דערפרי, נאכדעם, ווי זיי פלעגן פון דארט אראפפליהען; הייסט עס, אז מיט קיין גנבים האט מען דא נישט צו טון. און קיינעם פון די שכנים, אדער פון די פארבייגייער קען מען ניט חושד זיין; אויף דער נאסידלע האט זיי אויך קיינער ניט געטשעפעט — איז די סאווע אויך ניט שולדיק; דער סכויר ווידער דרייט שטענדיק אפ דאס קעפל

פון דער הוהן, זויגט אויס דאָס בלוט — אָבער מיט נעמען מיט זיך נעמט ער זי קיינמאָל ניט מיט, — אָבער אין ערגעץ ניט, סיי אין שטאַל, סיי אַרום דער שטוב, האָט מען ניט געפונען קיין סימנים פון א טכויר. מיט איין וואָרט, פאַר מיר איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז אויב עמיצער איז יאָ שולדיק, איז דאָס ניט קיין אַנדערער, ווי אונזער אַלטער באַקאַנ׳ פיקסל-גנב.

נישט ווייט פון אונזער הויז, אויף יענער זייט טייך, האָט געגרינט דער אַלטער, געדיכטער ערינדאַלער וואַלד. איך בין גלייך אַוועק צום טייך און אָנגעהויבן אויספאָרשן דעם ברעג און האָב טאַקע באַלד געפונען דאָס, וואָס איך האָב געזוכט: אויף דעם זאַמד האָבן זיך געזעהן קענטיקע פּיסטריט פון א פוקס און א פעדערל פון איינע פון די היהנער, וואָס זענען ביי אונז פאַרפאַלן געוואָרן. גייענדיק ווייטער פּאַזע טייך, כדי גענויער צו דערגיין די שפורען, אויף וועלכע איך בין געפאַלן, האָב איך דערזעהן א מחנה ראָבן, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך עמיצן; זיי האָבן זיך געדרייט אויף איין און דעם זעלביקן אָרט און זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער און נידעריקער. ס׳האָט בעטראָפן, אַז „איין גנב האָט געפּאַקט דעם אַנדערן" — איך האָב זיך צוגעקוקט און דערזעהן אין מיטן טייך, וואו דאָס וואַסער איז זומער-צייט ניט

איבעריק טיף, אַ פוקס, וואָס גייט זיך פּאַמעלאַכן, טריט ביי טריט, און האַלט עפּעס אין זיין מויל. הייסט עס, אַז ער איז אָקאָרשט געווען ביי אונז אין דער־היים און באַוויזן צוצוגנבנען ביי אַ הוהן. די ראָבן, כאָטש זיי אַליין לעבן דורכאויס פון גנבה און גזלה, האָבן דאך די ערשטע געמאַכט אַ געוואַלד: „כאַפּט דעם גנב"! בכדי זיי זאָלן עפּעס קענען געניסן פון דער גנבה.

די ראָבן האבן זיך ניט גענאַרט אין חשבון: דער פוקס האט געדאַרפט אריבערגיין דעם טייך און ס'איז דעריבער זעהר לייכט געווען אַרונטערצופאַלן אויף אים. דער פוקס האט זיך געהאַט אפילו אַ לאז געטון אויף פאראויס און וואלט זיך געוויס אַרויסגעמאַכט פון זיי און אַנטלאפן מיט זיין רויב אין וואַלד אריין, ווען דא וואָלט זיך בשעת מעשה ניט אריינגעמישט דער מענש. ווי נאר דער פוקס האט מיך דערזעהן, האט ער אַוועקגעוואָרפן די הוהן און איז אַוועק.

אומקערנדיק זיך צוריק אַהיים האָב איך זיך גע־טראַכט: שוין צו אָפט האט דער פוקס זיך איינגענאַדעט צו אונזערע היהנער און קיין איינע פון זיי האט ער נאך פאַר דער גאַנצער צייט ניט אויסגעגעסן אויפן וועג, ער טראגט זיי גאַנצערהייט אריבער איבערן טייך, אין וואַלד אַריין; ער מוז דארט ערגיץ־וואו האָבן אַ נאָרע מיט קליינע פיקסעלאך. און איך האב

באַשלאָסן אויפצוזוכן זיין נאָרע און זיך באַקענען מיט זיין געדינדל.

נאָך אין דעם זעלביקן אָוונט האָב איך מיט זיך מיטגענומען מיין הונט ראַנדזשער, בין אַריבער דעם טייך און גלייך אַוועק אין ערינדאַלער וואַלד. און ווי נאָר דער הונט האָט גענומען אַרומלויפן און באַשמעקן די ערד, האָט זיך לעבן אונז, פון צווישן געדיכטן גראָז, דערהערט דאָס קורצע, אָפּגעהאַקטע בילן פון אַ פוקס. ראַנדזשער האָט זיך גלייך אַ לאָז געטון צו יענעם אָרט און פייל-פון-בויגן, מיט אַ הילכיקן בילן, וואָס האָט וואָס ווייטער געקלונגען אַלץ שוואַכער און שטילער, גענומען זיך יאָגן נאָכן פוקס.

ערשט אין אַ שעה אַרום האָט זיך ראַנדזשער אומגעקערט צוריק. ער איז געווען דערהיצט, מיד און האָט שווער געאָטעמט, — ס'איז געווען אַ הייסער אַליל-טאָג, — און זיך אויסגעצויגן ביי מיינע פיס. ער האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, ערשט, אַז דאָס זעלביקע בילן פון פוקס — „יאַפּ-יור!” — האָט זיך דערהערט גאָר נאָהענט פון אונז און ראַנדזשער איז נאָך אַ מאָל אַוועק.

ס'איז שוין געווען פינסטער און ער איז געלאָפן צו צפון-צו און האָט חילכיק געבילט. זיין הילכיקער חאָו! וואָו! איז ביסלעכווייז געוואָרן שוואַכער אַאוו! אַאוו!

און נאָכדעם נאָך שטילער אַ! אַ! און צולעצט איז עס אינגאַנצן שטיל געוואָרן. ס׳ווייזט אויס, אַז ער איז אָפּגעלאָפן עטלאַכע מייל, ווארום איך האָב צו־געלייגט מיין אויער צו דער ערד און האָב גאָרנישט ניט געהערט, אין דער צייט, וואָס זיין הילכיקער האוקען הערט זיך תמיד גאַנץ דייטלאַך נאָך פון פאַר אַ מייל.

איך בין געבליבן זיצן אין דער פינסטער אונטער אַ בוים. ס׳איז שטיל. פּלוצלונג דערהער איך לעבן זיך דעם צאַרטן קלאַנג פון קאַפּען פון וואַסער־טראָפּנס: „טינק טאַנק טענק טינק; טאַ טינק טאַנק, טענק טאָנק!"

פריהער האָב איך עס גאָר אינגאַנצן ניט באַמערקט, אין דער צייט, וואָס אין אַזאַ הייסן זומער אָוונט איז אַזוי אָנגענעם צו האָבן לעבן זיך אַ קילן זילבער־קלאָרן קוואַל. איך האָב זיך אויפגעהויבן און בין אוועק נאָכן קלאַנג פון די וואַסער־טראָפּנס און בין געקומען צו אַ קוואַל, וואָס האָט אַזוי האַרציק געצויגן זיין לידעלע, זיין שיין חנעוודיק־מעלאַדיש לידעלע:

טאָנק טאַנק טענק טינק,
טאַ טינק אַ טאַנק, אַ טאַנק, אַ טינק אַ,
טאַ טאַ טינק טאַנק, טאַ טאַ טאָנק טינק,
דרינק אַ דאַנק, אַ דרינק אַ טרונק.

אָט דאָס איז דאָס האַרציקע לידעלע פון וואַלד־

קוועלכל. וואָס לאָדט אייך איין אָנצוטרינקען זיך מיט זיין זילבער־קלאָרן וואַסערל.

באַלד אָבער האָט דאָס שווערע אָטעמען און דאָס רוישן פון די בלעטלאַך מיר געגעבן צו וויסן, אַז ראַנדזשער האָט זיך שוין אומגעקערט צוריק פון דער יאַגד. ער איז געווען זעהר מיד און אָהן כוחות. פון מויל האָט אים געזעצט אַ שוים און די צונג האָט בײ אים אַראָפּגעהאַנגען ביז צו דער ערד. ער האָט שווער געאָטעמט און זיינע זייטן האָבן זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ בלאָזזאַק.

ער איז אַ ווײלע געבליבן שטיין, אַ לעק צו טון מיין האַנט און איז באַלד אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, פאַרטויבנדיק מיט זיין שווערן און הייזעריקן אָטעמען, די אַלע קלאַנגען פון אַרום.

פלוצלונג האָט זיך ווידער דערהערט דער זילבי־קער יאַפּ־יור. דאָס מאָל שוין גאָר נאָהענט פון אונז, ווי דער פוקס וואָלט זיך גערייצט מיט אונז... יאָ, איצט האָב איך שוין אַלץ פאַרשטאַנען.

דעם פוקס נאָרע האָט זיך געפונען טאַקע דאָ נישט־ווייט פון אונז. און דאָס האָט ער מיט אַ כיוון פאַרנאַרט ראַנדשערן אין וואַלד אַריין, ער זאָל נישט פאַלן אויפן שפור פון דער נאָרע מיט די יונגע פיקסעלאַך.

נאָר היינט איז שוין געווען שפּעט און איך מיט ראַנדזשערן זענען אַוועק אַהיים. איך האָב עס אָפּגע לייגט אויף מאָרגן, זיכער, אַז אונז וועט זיך סוף-כל סוף איינגעבן אָפּצווכן דעם פוקס מיט זיין געזינדל.

...

שוין פון אַ צייט, אַז מ׳שמועסט ביי אונז, אַז ערגעץ דאָ-נישט-ווייט געפינט זיך אַ נאָרע פון פיקסן, אָבער קיינעם איז אַפילו ניט איינגעפאַלן, אַז די פיקסן זענען אַזוי נאָהענט פון אונז.

דעם פאָטער פון דעם דאָזיקן געזינדל האָט מען גערופן „געצייכנטער", ווייל אויף זיין קאָפּ האָט זיך פון לינקען אויג ביז צום אויער געצויגן אַ ברייט פאַסיקל ווייסע האָר. וואָס איז אַזוי זעלטן צו זעהן ביי אַ פוקס, מסתמא האָט ער זיך איינמאָל צעראַצט די פעל ביי אַ פאַרקאַן פון שטעכלדראָט, בעת ער האָט זיך געיאָגט נאָך אַ קיניגל, און אַז די וואונד האט זיך פאַרהיילט, זענען אויף דעם זעלביקן אָרט אויסגעוואַקסן נרויע האָר, אַזוי, אַז ס׳איז ביי אים געבליבן אַ סימן.

איך האָב זיך דערמאַנט, אַז נאָך מיט אַ יאָר צוריק האָב איך זיך באַגעגנט מיט דעם דאָזיקן פוקס. די מעשה איז אַזוי געווען: גיי איך מיר איינמאַל אַזוי אין ווינטער איבערן אקארשט אויסגעפאַלענעם שניי,—

געגאַנגען בין איך אין דער קווער איבער די פעלדער צו דער אַלטער, האַלב איינגעפאַלענער מיל, און מיט אַמאָל דערזעה איך פאַר זיך, אַ פוקס לויפט מיר אַנטקעגן פון יענער זייט מיל אַרויס. איך בין גע- בליבן שטיין אַ פּאַרגליוערטער, איך האָב אַפילו מורא געהאַט אַ דריי צו טון מיטן קאָפּ, אַז דער פוקס זאָל מיך נישט באַמערקן. איך האָב אָפּגעוואַרט ביז ער איז אַריבער איבערן שניי-בערגל און ווי נאָר ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, האָב איך זיך גלייך געלאָזט לויפן, איבערצושניידן אים דעם וועג, ווי עס וועט זיך נאָר באַווייזן פון יענער זייט בערגל. איך בין אַהין גלייך צוגעלאָפן און וואַרט. איך וואַרט אַ מינוט, צוויי און דעם פוקס זעהט מען נאָך אַלץ נישט. איך בין אַזש געוואָרן אויסער זיך, מיט אַמאָל האָב איך פאַר זיך דערזעהן אויף דעם שניי פרישע פיסטריט. הייסט עס, אַז דער פוקס האָט מיך אָפּגע- נאַרט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו די סימנים פון זיינע פיסטריט און האָב באַלד הינטער זיך דער- זעהן דעם געצייכנטן, ער איז געזעסן אויף זיינע הינטערשטע לאַפּעס און געשצירעט מיט די ציין, ווי ער וואָלט פון מיר געלאַכט.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו די שפורן און האָב באַלד פאַרשטאַנען די גאַנצע קונץ: דער פוקס האָט מיך גאַנץ גוט באַמערקט אין דעם זעלביקן מאָמענט,

וואָס איז אים, נאָר ער האָט זיך געמאַכט, גלייך ווי ער זעהט מיך נישט, ביז ער איז אַרויף אויפן בערגל, פון דאָרט איז ער גלייך אַראָפּגעשפּרונגען, האָט זיך פאַרקערעוועט אין אַ זייט און איז מיר נאָכגעגאַנגען פון הינטן, און איצט האָט ער דאָס געלאַכט פון מיר, וואָס איך האָב מיך אַזוי גרינג געלאָזט אָפּנאַרן.

דאָס צווייטע מאָל האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט אין פרילינג. און אויך דאָס מאָל איז מיר אויסגעקומען איבערצוצייגן זיך אין זיין קלוגשאַפט. איך האָב דעמאָלט שפּאַצירט מיט מיינעם אַ פריינד אויף די פּאַשע-פעלדער, ניט ווייט פון אונזער הויז. אויף איינער פון די צעאַקערטע פעלדער זענען געלעגן עטלאַכע גרויע און ברוינע שטיינער. אַז מיר זענען צוגעגאַנגען נעהענטער צו דעם דאָזיקן פעלד האָט מיר מיין פריינד געזאָגט:

— גיב נאָר אַ קוק ס'אַראַ מאָדנער שטיין! איך וואלט שווערן אַז ס'איז אַ פוקס, וואָס האָט זיך צונויפגעדרייט אין אַ קנויל.

איך האָב אַ קוק געטון אויפן שטיין און קיין שום באַזונדערס נישט באַמערקט, אַ שטיין ווי אַלע שטיינער. מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם דאָזיקן שטיין און זענען ווייטער אַוועק. אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ צוויי-דריי קלאַפטער האָבן פאַר זיך עפּעס, ווי ניט ווילנדיק, אומגעקוקט און באַמערקט, אַז

דער איבערפלאַך פון שטיין באַוועגט זיך, און דער ווינט צובלאָזט עס ווי האָר פון אַ פעלץ.

— ווי דו ווילסט זיך, — האָט מיין פריינד ווידער געזאָגט, — און איך זאָג דיר, אַז ס'איז אַ פוקס, וואָס איז איינגעשלאָפן.

— אָט באַלד וועלן מיר זעהן, — האָב איך געזאָגט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דערנעהנטערן זיך צום שטיין, נאָר קוים האָב איך באַוויזן צו מאַכן אייניקע שריט, איז דער געצייכנטער, — דאָס איז ער געווען, — איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט און איז פייל-פון-בויגן אַנטלאָפן. איך האָב אויסגעשאָסן, נאָר איך האָב נישט געטראָפן. די קויל איז אַריין אין דער ערד און דער רויך האָט זיך אין איינעם מיט'ן שטויב אויפגעהויבן און זיך פאַרבייגעיאָגן ווי אַ לייכט וואָלקנדל, און דער געצייכנטער איז אַריבער דעם אַריבערגעשפרונגען און געלאָפן ווייטער — אין געדיכטן געלן גראָז אַריין, וואו ער איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון אונזערע אויגן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נישט געשלאָפן און האָט אונז די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט און וואָלט זיך געוויס נישט גערירט פון אָרט, ווען מיר זאָלן נישט געווען אַראָפקערעווען פון וועג.

ס'האָט אונז נישט געחידושט דאָס, וואָס דער פוקס איז ענלאַך צו די קיינאַכזיקע ברוינע שטיינער פון אָרט, אָדער צום געלן פאַרטריקנטן גראָז, נאָר דאָס,

וואָס ער האָט פון דעם געוואוסט און זיך געקענט מיט דעם באַנוצן.

באַלד האָבן מיר זיך אַלע איבערצייגט, אַז דאָס האָט דער געצייכנטער זיין געזינדל באַזעצט אין אונזערע מקומות און מאַכט צורעכט אונזערע הינער.

איך בין נאָך אַמאָל אַוועק אין וואַלד אַריין, צו יענעם אָרט, וואו דער פוקס האָט אונז נעכטן פאַר־פירט. איך האָב מיך אָנגעהויבן צוצוקוקן און אָט האָב איך לעבן אַ סאָסנע באַמערקט אַ היפש בערגל ערד, וואָס איז, ווייזט אויס, ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אויסגעגראָבן געוואָרן. אָבער קיין שום גרוב האָט זיך אין ערגעץ־נישט געזעהן; כאָטש, דעם אמת געזאָגט, האָב איך גאַנץ גוט געוואוסט, אַז קיין שום פוקס וועט נישט מאַכן דעם אַריינגאַנג אין זיין נאָרע אויף דעם זעלביקן אָרט, וואו ער הייבט זי אָן צו גראָבן: ער גראָבט נעווייגלאַך אויס אַ לאַנגען, שמאָלן קאָרי־דאָר מיט אַ אַרויסגאַנג ערגעץ אין אַ וועלדל אַריין, און דאָס אָרט, וואו ער הייבט אָן צוגראָבן, פאַרמאַכט ער צוריק און באַנוצט זיך מיט אים שוין קיינמאָל ניט.

דעריבער האָב איך אָנגעהויבן צו זוכן דעם אַריינגאַנג אַ ביסל ווייטער. איך בין אַרומגעגאַנגען דאָס בערגל אַרום און אַרום, האָב זיך צוגעקוקט צו יעדער ביימל, צו יעדער בערגעלע און באַלד האָב איך סאַקע געפונען דעם אמתן אַריינגאַנג אין נאָרע

אריין. איך האָב זיך איינגעבויגן און זיך צוגע־
הערט: פון אינעווייניק האט זיך געהערט אַ פּישטשען.
הייסט עס, אַז איך האָב קיין טעות נישט געהאַט:
אין נאָרע זענען געווען קליינע פּיקסעלאַך.

איצט בלייבט נאָך אָפּצוזוכן אַן אָרט פון וואַנעט
מ׳זאָל זיך קענען צוקוקן צום לעבן פון דעם דאָזיקן
געזינדל. נישט ווייט פון דער נאָרע, אויפן שיפּוע
פונם בערגל איז געשטאַנען אַן אַלטע ליפּע. זי איז
שוין געווען זעהר אַלט און האט זיך שטאַרק איינגע־
בויגן; דער שטאַם איז געווען צעפּוילט און אויסגע־
הוילט, אַזוי, אַז איך האָב זיך לייכט געקענט אין אים
באַהאַלטן און זיך צוקוקן צו אַלץ, וואס ס׳טוט זיך
ביים פוקס אין נאָרע. די דאָזיקע ליפּע איז מיר נאָך
געווען באַקאַנט פון אַמאָל: נאָך ייִנגלווייז פלעג איך
זיך מיט מיינע חברים שפּילן לעבן איר אין ראָביג־
זאָן־שפּיל; מיר פלעגן אינעווייניק אויסשניידן אין
איר די ווייכע ווענטלאַך, וואס זענען געווען
באַוואַקסן מיט מאָך, און קלעטערן אַרויף און
אַראָפּ. איצט איז זי מיר שטאַרק צונוץ געקומען.
אויף מאָרגן, אַז די זון האט געהאַלטן אין רעכטן
באַקן, בין איך אַריין אין מיין באַהאַלטעניש און
באַלד פאַר זיך דערזעהן דאָס גאַנצע געזינדל, וואס
האט מיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט. אינגאַנצן איז
געווען פיר פּיקסעלאַך; זיי האָבן אויסגעזעהן זעהר

קאָמיש און זענען געווען זעהר ענלאך אויף קליינע ציקעלאך, באוואקסן מיט געדיכטע האָר, די פיסעלאך — לאַנגע, דיקע אין אומגעלומפערטע, דערפאר די מאָרדעטשקעס ברייטע, נאאיווע, כאָטש דאס שארפע פיסקל און די גנבה'שע אייגעלאך האבן אויסגעזאָגט מיט וועמען מ'האט דא צוטון; אז נישט אומזיסט זענען דאס די קינדער פון דעם כיטרען פיקסל-גנב. די פיקסעלאך האבן זיך געוואָרימט אויף דער זון, זענען ארומגעלאפן, זיך געראַנגלט און געקייקלט זיך אויפן גראָז. ביי דעם מינדסטן שאָרך זענען זיי גלייך אוועק אין נאָרע אַריין. אבער דאס מאל איז זייער שרעק געוועזן אן אומזיסטער: דאס איז געווען זייער מוטער מיט א הון אין מויל, די זיבעצענטע, אויף וויפיל איך געדענק. זי איז שטיל צוגעגאַנגען צו דער נאָרע, אוועקגעלייגט די הון און זיי אָרוף געטון, די פיקסעלאך האבן אויף זיך לאַנג נישט געלאזט ווארטן, און דא האב איך פאר זיך דערזעהן-א בילד, וואס איז געווען אויסטערליש שיין, כאטש איך ווייס נישט צי ס'וואלט מיין פעטער געפעלן געווען.

די פיקסעלאך האבן זיך א וואָרף געטון אויף דער הון, האבן זי געפליקט און געצופט און זיך דערביי בעהרגעט, זיי זענען געווען אזוי קאָמיש, טאקע נאר צום לאכן; און די מוטער איז זיך געזעסן אָן א זייט און געשעפט נחת פון זיי, זי האט אבער דערביי נישט

פאַרגעסן אָפּצוהיטן זיי פון וועלכער ניט איז גע-
פאַר. ס׳איז פשוט געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף
איר, זי האט זיך געשמאָלצן פון נחת, כאטש איר
בליק איז געבליבן דערזעלביקער ווי תמיד, ווילד און
פאַרביסן; ס׳האט זיך אין איר געזעהן אויך סימנים
פון אכזריות און אומרוהיקייט דאך האט דאס
אַלץ גובר געווען איר מוטערלאַך געפיל און
שטאָלצקייט.

דער שטאַם פון מיין ליפּע איז געווען באַוואַקסן
מיט הויכן, געדיכטן גראָז און מיין באַהאַלטעניש איז
געווען אויף אַ סך נידעריקער פונם בערגל, וואו ס׳איז
געווען דעם פוקס נאָרע. איך האָב דעריבער
פאָרזיכטיג געקענט אַלע מאל קומען און אוועקגיין,
נישט באַאומרוהיגנדיק די פוקסן. איך פלעג אַהין
קומען כמעט אַלע טאָג און צוקוקן זיך, ווי די פיקסן
ערציהען זייערע קינדער. זיי האבן זיך באַלד אויס-
געלערנט ביי דעם מינדסטן שאָרך בלייבן שטיין ווי
פאַרגליווערט, נישט רירנדיק מיט קיין אֵבר, און אַז
דער שאָרך האט זיך נאך אַמאָל איבערגעחזרט,
אַנטלויפן גלייך אין נאָרע אַריין. די מוטער פלעגט
אומישנע זיי איבערשרעקן. זי פלעגט זיך צוהוסטן
אדער שאָקלען מיט די צווייגן פון דיביימלאך. זי
פלעגט זיך באַהאַלטן און זעהן, ווי אירע קינדער
ראַטעווען זיך פון דער געפאַר. נאָכדעם פלעגט זי

צוגיין צו דער נאָרע און ארויסרופן זיי פון דארט מיט אַ מילדן מוטערלאַכן בילן.

ביי אייניקע פון די בעלי-חיים איז דאס מוטער־לאַכע געפיל אזוי פיל שטארק, אז זי ווייזט עס אויך ארויס אויף די איבעריקע באַשעפענישן, אבער ביים פוקס מערקט זיך דאס נישט. פארקערט, כדי צו פאַרשאַפן וואס מער פארגעניגן זיינע קינדערלאַך איז ער גרייט אויף דער גרעסטער אכזריות. אזוי האב איך עטלאַכע מאל געזעהן, ווי די מוטער פלעגט זיי ברענגען אַ לעבעדיקע הון, אָדער אַ מויז, וועלכע זי פלעגט מיט אַ כיוון נישט טויטן, כדי די קינדער זאלן האבן מער פארגעניגן און נוצן, בשעת זיי וועלן זיי אליין טויטן אָדער פארמוטשען.

אויפן דערבייאיקן בערגל האט געוואוינט אַ מורמל*). ער איז נישט געווען קיין איבעריקער חכם און מיט זיין אויסערלאַכן אויסזעהן איז ער אויך קיינעם נישט געפעלן און האט דעריבער קיינעם נישט אינטערעסירט; נאר פונדעסטוועגן האט ער געפונען פאר נישט איבעריק צו באַוואָרענען זיך פון אַ וועלכער ביס איז געפאַר. זיין נאָרע האט ער געמאַכט צווישן די וואָרצלען פון אַן אלטער סאָסנע, אזוי, אז קיינער האט אהין נישט געקענט אריינקומען. דער מורמל איז

*) סוראַק

בטבע געווען אַ שטילער און אַ פוילער: גאַנצענע טעג פלעגט ער אומבאַוועגלאַך ליגן לעבן זיין נאָרע און זיך וואַרימען אויף דער זון. ווי ער פלעגט נאר דערזעהן דעם פוקס פלעגט ער גלייך אריין אין זיין נאָרע און אָפּוואַרטן ביז ער וועט פאַרשוואונדן.

איינמאָל האט דער געצייכנטער מיט'ן ווייב באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין צייט צו באַקענען די קינדער מיט'ן מורמל און זיי ווייזן ווי מ'דאַרף זיך נוהג זיין ביים כאַפּן אים. און אָט האבן זיי באַשלאסן צו כאַפּן זייער שכן, און זענען ביידע אוועק צום בערגל. דער מורמל, וואס איז געזעסן לעבן זיין נאָרע, האט זיי נישט באַמערקט. דער געצייכנטער איז אַריבערגעשפּרונגען איבערן בערגל און האט זיך פאַמעלאַכן געלאָזט גיין פאַרביי דער סאָסנע, קוקנדיג אין אַ זייט, כדי דער מורמל זאל מיינען, אַז ער האט אים נישט באַמערקט. און אַז דער פוקס איז ווידער אַמאָל אַריבערגעשפּרונגען איבערן בערגל און זיך געלאזט גיין אין פעלד אריין, האט זיך דער מורמל שטילערהייט אויפגעהויבן און זיך געלאזט גיין צו זיך אין נאָרע אריין; ביים אריינגאַנג איז ער אַ ווײַלע געבליבן שטיין, נאר נאכדעם האט ער זיך, ווייזט אויס, באַרעכנט, אַז ס'שאַדט נישט צו זיין אַ ביסל פאָרזיכטיקער, און איז אריין אין נאָרע אריין.

און דאס איז טאַקע דער פוקס אויסן געווען, די

פוקסעכע, וועלכע איז די גאַנצע צייט געזעסן אָן א זייט, אונטער א ביימל, איז פון דאָרט אַרויסגע־שפרונגען און איז גלייך צוגעלאָפן צו דער סאָסנע און זיך הינטער איר באַהאַלטן. דער געצייכנטער־ווידער, איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין וועג, גלייך ווי אים מיינט מען נישט. דער מורמל, וואָס האָט זיך נישט איבעריקס דערשראָקן, האָט באַלד אַרויסגעשטעקט זיין קעפל פון צווישן די וואָרצלען און האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. ער האָט פאַר זיך געזעהן בלויז דעם געצייכנטן, וואָס האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון אים. ער האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ און איז אַרויסגעקראָכן פון זיין נאָרע, און נישט זעהענדיק פאַר זיך קיין שום סכנה, איז ער צוריק אַרויפגעקראָכן אויפן בערגל און זיך געלעגט וואַרימען קעגן דער זון; נאָר דאָ איז פון הינטער דער סאָסנע אַרויסגעשפרונגען די פוקסעכע און זיך מיט א אימפעט א וואָרף געטון אויף אים. זי האָט דעם מורמל א כאַפּ געטון פאַר'ן קאַרק און גלייך פריטש־מעלעט, אַזוי, אַז דאָס אומגליקלאַכע חיהלע האָט שוין ניט געקענט קומען צו זיך. דער געצייכנטער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט צו קוקן מיט איין אייגל אויף דער גאַנצער מעשה, האָט זיך באַלד געלאָזט לויפן צוריק. נאָר, אַז ער האָט דערזעהן, אַז די פוקסעכע האַלט דעם מורמל שטאַרק

אין די ציין, און ממילא, נייטיקט מען זיך שוין נישט אין זיין הילף, האָט ער זיך רוהיק בעלאָזט גיין ביים זייט פון זיין ווייב.

די פיקסן האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו זייער נאָרע, דערביי האָט די פוקסעכע זיך געסטאַרעט, אַז דער מורמל זאָל בלייבן גאַנץ, אַזוי, אַז די איז געקומען אַהיים, האָט ער נאָך געקענט זיך שליידערן און פרוון אַרויסרייסן זיך פון אירע הענט.

דאָס באַקאַנטע שטילע בילן „ווּף-ווּף" האָט די פיקסעלאַך געגעבן צו וויסן, אַז די מוטער איז געקומען און זיי האָבן זיך אַרויסגעשיט פון דער נאָרע, ווי חדר-יינגלאַך פון חדר. די מוטער האָט פאָרזיכטיק פאַר זיי אַוועקגעלייגט דעם מורמל, און די אַלע פיר קליינינקע האָבן זיך מיט רציחה אַלאָז געטון צו דעם אומגליקלאַכן חיהלע און אָנגעהויבן צו צופּן און צו בייסן עס מיט זייערע שאַרפע קינדערשע ציינדלאַך. דער מורמל האָט זיך געראַנגלט מיט זיי אויף וויפיל ער האָט נאָר כוח געהאַט צו ראַטעווען זיין לעבן, ער האָט זיי אַלע ווײלע אָפּגעטריבן פון זיך, זיך אַלץ געסטאַרעט אַנטלויפן פון זיי אין וועלדל אַריין. נאָר דאָס קליינוואַרג האָט אים נאָכגעיאָגט, ווי אַ טשאַטע הינט, האָבן אים אַלע ווײלע אָנגעכאַפּט פאַר'ן זייט, אָדער פאַר'ן פּלייצע, אָבער איינהאַלטן אים האָבן זיי נישט געקענט. נאָר די מוטער, וואָס

האָט דאָס אַלץ צוגעזעהן, האָט אים אַלע װײלע פאַרצאַמט דעם װעג און אים אומגעקערט צוריק אין מיטן אַריין, װאו די פיקסעלאַך איז באַקומען געװען צו שפּילן זיך מיט אים. אָט די דאָזיקע אַכזריות-דיקע שפּיל װאָלט נאָך געדויערט מי-יודע װיפיל, װען דער מורמל װאָלט נישט געװען שטאַרק צעביסן איינעם פון די פיקסעלאַך: די מוטער האָט דאָס שוין מער נישט געקענט פאַרטראָגן און װאָס גיכער געמוזט מאַכן אַ סוף צו דעם אומגליקלאַכן חיהלע און עס אװעקגעבן די קינדער אויף פרישטיק.

נים װייט פון דער נאָרע איז געװען אַ קליינער גראָבן, װאָס איז געװען באַװאַקסן מיט הויכע, גע-דיכטע גראָז, דאָרט האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ גאַנצע קאָלאָניע פעלד-מייז. די קליינע פיקסעלאַך האָבן עס באַלד דערשמעקט און אָנגעהויבן צו קומען אַהין און זיך יאָגן נאָך די פעלד-מייז, — די סאַמע לייכטסטע און אָנגענעמסטע שפּיל. די מוטער האָט אויסגענוצט די דאָזיקע שפּילן און זיי אָנגעהויבן צו לערנען װי מ׳דאַרף זיך נוהג זיין ביים כאַפּן מייז, פאַרשטייט זיך, אַז איר האָט פיל מיטגעהאָלפן דער געבוירענער אינסטינקט פון די ייִנגע פיקסעלאַך. זי האָט זיי גע-װיזן װי מ׳דאַרף ליגן איינהאַלטנדיק אין זיך דעם אָטעם, װי מ׳דאַרף לאָקערן, און נאָכדעם, װי מ׳דאַרף זיך װאַרפן און כאַפּן א. ז. װ.

אין איין שיינעם פאַרנאַכט איז דאָס גאַנצע פריילאַכע געזינדל אַוועק צו דעם גראָבן, און די מוטער האָט באַוויזן די פיקסעלאַך, ווי מ׳דאַרף זיך שטיל באַהאַלטן אין גראָז. נאָכדעם האָט זי אין דער-שטיל אַ פישטשע געטון, אַלס צייכן, אַז די יאַגד הייבט זיך אָן. ערשט איצט האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אויף די שפּיץ פינגער, קוים אָנרירנדיק די ערד. אַלע ווײלע האָט זי זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, כדי זי זאָל זיך בעסער קענען צוקוקן. די מייז זענען אַרומגעלאָפן צווישן געדיכטן פאַרפלאָנטערטן גראָז, און דעריבער האָט מען זיי גע-קענט אויסגעפינען ביים לייכטן באַוועגן פונם גראָז, — אָט, דעריבער טאַקע זענען זיי אַוועק כאַפּן מייז איז אַזאַ שטילן פאַרנאַכט. די גאַנצע קונץ פון כאַפּן די מייז איז באַשטאַנען אין דעם, אויסצוגעפינען דאָס אָרט, וואו די מויז געפינט זיך, און זיך גלייך מיט איין שפּרונג אַ וואָרף טון זיך צו יענעם אָרט און מיט אַ פלינקער באַוועגונג פאַרהאַלטן די מויז מיט דער לאַפּע. די מוטער האָט אַ שפּרונג געטון, און גלייך האָט זיך פון אונטער איר לאַפּע דערהערט דאָס דינע פישטשען פון אַ גוססדיקער פעלד-מויז.

זי האָט דאָס מייזל גלייך אויפגעגעסן, און די פיר פיקסעלאַך האָבן באַלד גענומען נאָכטון דער מוטער, און, אַז דעם עלטסטן פון זיי האָט זיך, סוף-כל-סוף

איינגעגעבן צו כאַפּן די ערשטע מויז. האָט ער אַזש געציטערט פון פרייד און מיט אַ נײַ, פאַר אים נאָך גאַנץ פרעמדן געפיל פון ווילדער אכזריות, האָט ער זיך איינגעגעסן מיט זײַנע קינדערשע ווייסע ציינדלאַך אין איר לייב.

פאַר דער צווייטער לעקציע האָבן די פּיקסן אויסגעקליבן די רויטע ווערעווערקע. אָט דאָס פריילאַכע, עזותדיקע באַשעפעניש האָט געוואוינט אויף דעם זעלביקן בוים, אונטער וועלכן ס׳איז געווען דעם פוקס נאָרע, אַ גאַנצן טאָג איז זי אַרומגעשפּרונגען פון איין צווייגל אויפן צווייטן און פון דאָרטן געשאָטן מיט שטעכווערטלאַך און זיך געדרייצט מיט אירע שכנים. די פּיקסעלאַך האָבן עטלאַכע מאָל אפילו געפּרוּווט כאַפּן אָט די דאָזיקע עזותניצע, וועלכע פלעגט מיט אַ כיוון אַראָפּשפּרינגען אויף דעם נידעריקסטן צווייגל פון בוים, אָבער ס׳האָט זיך זיי פאַרשטייט זיך ניט איינגעגעבן. און אָט האָט זיך דער געצייכנטער אַליין גענומען צו דער דאָזיקער דערקוטשליווער עזותניצע, ער איז, ווייזט אויס, געווען גוט באַקאַנט מיט דער נאַטור-געשיכטע און גאַנץ גוט געוואוסט די טבע פון דער דאָזיקער באַשעפעניש. איינמאָל האָט ער באַהאַלטן די פּיקסעלאַך לעבן דער נאָרע און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד לעבן בוים, וואו די ווערעווערקע איז אַרומגעשפּרונגען. באַלד

האָט זיך פון אויבן דערהערט דאָס רוישנדיקע פלאַפּלען פון דער וועווערקע, נאָר דער געצייכנטער איז געלעגן און אַ יט אַ אבר ניט גיט גערירט.

— גאָרנישט! אָך דו גאָרנישט אייבער! — האָט זי געשריען און איז איבערגעשפרונגען פון איין צווייגל אויפן צווייטן.

נאָר דער פוקס איז געלעגן, ווי אַ טויטער.

דאָס איז שוין אויסגעקומען עפּעס מאָדנע. די וועווערקע איז אַראָפּ אויפן סאַמע נידעריקסטן צווייגל, האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און איז אַראָפּגעשפרונ. גען אויף דער ערד, אָבער גלייך האָט זי חרטה געקראָגן און איז געשווינט אַרויף אויף דעם צווייטן און האָט פון דאָרטן דך ווידער צעלאַרימט:

— אָך, דו גאָרנישט איינער! אָך דו גאָרנישט סקאַרר... סקאַר...

דער פוקס איז אַלץ געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד און מיט קיין אבר נישט גערירט. די וועווערקע, זעהענדיק בטבע זעהר נייגיריק, האָט זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן: זי איז אַראָפּ. געשפרונגען פונם בוים, איז צוגעגאַנגען אַ ביסל נעהענטער צום אָרט, וואו דער פוקס איז געלעגן, אַ קוק צו טון אויף אים, און איז ווידער אַרויף אויף דעם בוים, אונטער וועלכן דער געצייכנטער איז געלעגן.

דער פוקס האָט אַפּילו מיט קיין אבר נישט גערירט. „נו, ווי דען, ער איז טויט״ — האָט זיך די וועווערקע געטראַכט. אַפילו די פּיקסעלאַך, וואָס זענען געזעסן אין זייער באַהעלטעניש, האָבן פון דאָרט אַרויסגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג: „ניט זשע איז ער איינגעשלאָפן?״ דערווייל איז די וועווערקע געוואָרן אַלץ גייגיריקער און דרייסטער: זי איז ווידער אַראָפּ אויפן נידעריקסטן צווייגל פון בוים און פון דאָרט גענומען וואַרפן אויפן פוקס בלעטלאַך, שטיקלאַך קאָרע און דערביי געשאָטן מיט פאַרשיידענע שטעכווערטלאַך און זידלערייען און איז זיך אַזוי פאַמעלאַכן אַראָפּ פון בוים און איז צוגעלאָפן צום פוקס, אָט איז זי שוין גאָר נאָהענט פון איס, אָט האָט זי אים אָנגערירט מיט איר האָריק עקל ביים סאַמע נאָז... — אָר דאָ איז דער געצייכנטער אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט און איידער נאָך די וועווערקע איז געקומען צו זיך, האָט ער זי שוין פעסט געהאַלטען אין ציינע לאַפּעס. די פּיקסעלאָך זענען די רגע געקומען צולויפן און באַלד האָבן שוין דער וועווערקעס ביינדלאַך געקנאַקט אין זייערע ציין.

אָט אַזוי איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון זייער ערציהונג; און אַז די פּיקסעלאַך זענען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן און זענען געוואָרן שטאַרקער און פלינקער, האָט זיי די מוטער אָנגעהויבן מיטצונעמען

מיט זיך אין פעלד אריין, כּדי זיי ווייטער צו לערנען ווי זיך נוהג צו זיין אין די איבעריקע פאלן, פון דער יאגד.

יעדער מין פון די בעלי-חיים האָט זיך זיין באַזונדערן גאנג, בעת ער פאלט אָן אויפן צווייטן, ווייל יעדער באַשעפעניש פאַרמאָגט אַ באַזונדער קראַפט, אַנדערש וואָלט ער ניט געקענט לעבן, און אויך אַ באַזונדער שוואַכקייט, ווייל אַנדערש וואָלטן די אַנדערע נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן. די שוואַכקייט פון דער וועווערקע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי איז געווען נייגיריק; די שוואַכקייט פון פוקס דאָס — וואָס ער האָט נישט געקענט קלעטערן אויף ביימער. די גאַנצע ערציהונג פון די יינגע פיקסעלאַך איז געווען, אויסצולערנען זיי ווי צו באַנוצן זיך מיט דער שוואַכקייט פונם אַנדערן פון דער אייגענער טובהס וועגן, באַנוצנדיק דערביי די גאַנצע איינגעבוירענע געשיקטקייט.

און מיט יעדן טאָג, וואָס מער איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם דאָזיקן געזינדל, האָב איך אַלץ מער באַמערקט, ווי די יינגע פיקסעלאַך נעמען איבער פון זייערע עלטערן די גאַנצע תורה. מיט יעדן טאָג זענען זיי געוואָרן אַלץ געשיקטער און קליגער. מ׳האָט באַשיינפערלאַך געזעהן ווי זיי וואַקסן און ווערן אמתע, וואוילגעבוירענע פיקסען, אויף וואָס פאַר אַן אופן דאָס

איז פאַרגעקומען איז שווער צו זאָגן. נאָר זיי האָבן דאָס אָהן שום צווייפל, ביסלאכווייז איבערגענומען פון זייערע עלטערן.

אָט זענען אייניקע כללים פון זייער תורה, וועלכע אויך איך האָב פאַרשטאַנען, אין דערצייט, וואָס איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייער לעבן:

— שלאָף נישט, בעת דו גייסט זיך דיין גלייכן וועג.

— די נאָז איז פאַר די אויגן, — הייסט עס, אַז מיט דער גאָז דאַרף מען זיך באַנוצן פריהער, איידער מיט די אויגן.

— א נאַר לויפט מיטן ווינט.

— שטרוימיקע וואַסער הייבט אויס נישט פון איין קרעגק.

— זאָלסט קיין מאָל נישט טון אָפן דאָס, וואָס דו קאָנסט טון אין דער שטיל.

— זאָלסט קיינמאָל הינטער זיך נישט לאָזן קיין גלייכע שפורן, אויב דו קאָנסט זיי פאַרפלאָנטערן.

אויב אַ זאַך זעהט אויס מאָדנע, איז, הייסט עס, אַז מ'דאַרף זיך פון דעם היטן.

— דער שטויב און דאָס וואַסער — איז ד״ס בעסטע מיטל צו פאַרגלעטן די שפורן.

— זאָלסט זיך קיינמאָל נישט יאָגן נאָך אַ מויז אין אַ שטייגל קיניגלאַך, און נאָך אַ קיניגל אין אַ שטייג פון עופות.

— בעסער איז אויסצומיידן דאָס גראָז, און גיין מיטן אויסגעטראָטעַנעם וועג.

אָט די דאָזיקע כללים זענען טיף אַריין אין די יונגע מוחות פון די קליינע פּיקסעלאַך. אַזוי האָבן זיי למשל געלערנט, אַז דער כלל: „זאָלסט זיך קיינמאָל נישט יאָגן נאָך דעם, וואס דו קאָנסט ניט דערקענען מיט דיין חוש-הריח", — איז זעהר אַ שכלדיקער, ווייל, אויב דו קאָנסט אים נישט דערקענען מיט דיין חוש-הריח, הייסט עס, אַז דער ווינט בלאָזט אַזוי, אַז ער וועט דיך דערפילן. די פּיקסעלאַך האָבן זיך ביסלעכ-ווייז באַקאַנט מיטן לעבן און כאַראַקטער פון די אַלע חיות און פייגל, וואס האָבן געלעבט בשכנות מיט זיי, און, אַז זיי זענען נאָך מער אויסגעוואַקסן און שוין געקאָנט לויפן, האָבן די עלטערן זיי מיט זיך מיטגע-נומען און זיי באַוויזן ביידע חיות און פייגל. די פּיקסעלאַך האָבן שוין געהאַט געמיינט, אַז זיי איז שוין באַקאַנט די שפּור פון יעדער באַשעפעניש; נאָר אָט האט זיי איינמאָל אין אָוונט די מוטער מיט-גענומען מיט זיך אין פעלד אַריין, און זיי צוגעפירט צו אַ מאָדנעם גריבל, וואס זיי האבן נאָך ביז איצט נישט געזעהן. די מוטער האט זיי מיט אַ כיוון צוגע-פירט צו דעם דאָזיקן גריבל און זיי עס געהייסן אַרומשמעקן; און די פּיקסעלאַך האבן געפילט, אַז אַ שוידער איז זיי דורך גאַנצן קערפּער, זיי

האבן געשפירט, אז די האָר שטעלן זיך ביי זיי קאַפּויר, אז אין זייער בלוט איז אַריינגעדרונגען אַ ניי געפיל, אַ געפיל פון שרעק און האַס צוזאַמען.

און די מוטער האט צו זיי געזאָגט:

— געדענקט, קינדער, אָט דאס איז די שפּור פון אונזער ערגסטן שונא; פון דער צווייפיסיקער חיה, וואס מ׳רופט מענש.

### .III

דערווייל האבן די פּיקסן זיך געטון דייערס, און ביי אונז אין דערהיים איז יעדער טאג פּאַרפאַלן געוואָרן אן אַנדער הון. איך האב קיינעם ניט געזאגט, אז איך האב געפונען די נאָרע פון די פוקסן. דער פעטער מיינער איז געווען אויסער זיך פאַר כּעס און האט פון מיר חוזק געמאַכט, אז איך טויג צו קיין זאַך ניט, והראיה, ביז היינט האט זיך מיר נאָך ניט איינגעגעבן צו כאַפּן כאָטש איין פוקס. און אָט האב איך איין שיינעם פרימאָרגן מיט זיך גענומען ראַגדושערן און מיר זענען אַוועק אין וואַלד אריין. איך האב זיך אַוועקגעזעצט פון דערווייטנס, וואו ס׳איז געווען דעם פוקס נאָרע און אָפּגעלאָזט דעם הונט. אין אַ מינוט דריי אַרום האט דער הונט מיט אַ באַזונדער אַרט בילן, וואס איז באַקאַנט יעדן יעגער, און באַטייט: „אַ פוקס! אַ פוקס! אַ פוקס!", זיך געלאָזט לויפן פאַרביי מיר.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך ראַנדזשער אומגעקערט צוריק. און נאָכדעם האָב איך דערזעהן דעם געצייכנטן, וועלכער איז געלאָפן מיטן פעלד גלייך צום טייכל צו. ער איז אַריין אין וואַסער אַריין און האָט זיך געלאָזט לויטן לעבן ברעג, וואו דאָס וואַסער איז נישט טיף, און איז אַרויס אויפן צווייטן ברעג און אַרויף אויפן בערגל, לעבן וועלכן איך בין געזעסן. דער פוקס איז אויף אַזוי פיל געווען פאַרטון מיט זיין אַנטלויפן, אַז ער האָט מיך נישט באַמערקט, כאָטש איך בין געזעסן אויף אַ אָפּענעם אָרט, אויסדרייענדיק זיין קאָפּ אויף אַרונטער האָט ער נאָכגעקוקט דעם הונט, וואוהין ער לויפט. און זעהענדיק, אַז ער געפינט זיך אויף אַ היפּשן מהלך פון אים, האָט דער פוקס זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע הינטערשטע פיס, מיטן רוקן צו מיר, איינגאַנצן אַ פּאָר צענדליק טריט פון מיר, און מיט גרויס אינטערעס נאָכגעקוקט די אַלע באַוועגונגען פון זיין שונא. ראַנדזשער איז געלאָפן מיט אַ הילכיקן בילן גלייך אויף די פרישע שפּורן פון פוקס, ביז ער איז צוגעקומען צום וואַסער, דאָרט וואו די שפּורן זענען פאַרשוואונדן און איז געבליבן שטיין, ער נישט געוואוסט וואָס צו טון, געבליבן איז אים נאָר איין אויסוועג: זיך לאָזן גיין פּאַזעביידע ברעגעס און קומען צו דעם אָרט, וואו דער פוקס איז אַרויס פונם וואַסער.

און דער געצייכנטער איז אלץ געזעסן לעבן מיר ער האָט אויף א ווײַלע געביטן זײַן פּאָזע, כּדי בעסער צו זעהן, און מיט דער זעלביקער אָנגעשטרענגטקייט נאָכגעקוקט דעם הונט, ווי ער זוכט זײַנע שפּורן. איך בין געזעסן זעהר נאָהענט פון פוקס און געזעהן, ווי די האָר האָבן זיך ביי אים אויפן רוקן אויפגעשטעלט, בעת ער האָט ווידער פאַר זיך דערזעהן דעם הונט; איך האָב געזעהן ווי די ריפּן האָבן זיך ביי אים אויפגעהויבן און אראָפּגעלאָזט און פאַרשטאַנען ווי זײַן הארץ מוז אצונד קלאַפּן, און אז ער האָט אביסל אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ, האָב איך דערזעהן דאָס בייזע פייערל אין זײַנע ברוינע אויגן. אינטערעסאַנט איז אים געווען צו זעהן, בעת דער הונט איז געבליבן שטיין לעבן וואסער און נישט געוואוסט וואָס צו טון; דער געצייכנטער האָט דעמאָלט נישט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט, ער האָט זיך געוואָרפן אהין און א הער, זיך אויפגעשטעלט אויף זײַנע הינטערשטע פיס, כּדי בעסער צו זעהן דעם הונט, וואָס האָט זיך לגמרי פאַרלאָרן און איז ארומגעלאָפן ביים ברעג פון טײַך; מיט א ברייט צעעפנט מויל האָט דער געצייכנטער אים נאָכגעקוקט און אויף א קול געסאָפּעט, אָדער בעסער געזאָגט געלאַכט, פונקט ווי סילאַכט א הונט, שצירענדיק מיט די ציין און סאָפּענדיק אויף א קול.

דער געצייכנטער האָט אזש אונטערגעטאַנצט פון

שמחה, זעהענדיק, אַז דער הונט וואָס האָט אַזוי לאַנג און פלייסיק געזוכט די שפורן, איז סוף־כּל־סוף צוגע־קומען צו זיי, נאָר זיי זענען שוין געווען אויף אַזוי־פיל אויסגעוועפּט אַז דער הונט האָט נישט געקענט פונאַנדערקלייבן צי ס'איז פרישע שפּורן, צי אַלטע, און שמעקנדיק איז ער ווייטער געלאָפן, אָבער שוין נים אַזוי זי[illegible] און שנעל.

אַז דער הונט איז צוגעקומען צום בערגל און איז אויף איינ[illegible]ויק, האָט זיך דער געצייכנטער אויפגע־הויבן און איז רוהיק אַוועק אין וואַלד אַריין. ער האָט מיך די גאַנצע צייט נישט באַמערקט: איך בין געזעסן אויף מיין אָרט און האָב אַפילו מיט קיין אבר נישט גערירט, דער וויבט האָט מיר געבלאָזן אין פּנים אַריין, און ער האָט אויף אַזאַ אופן נישט געקענט וויסן, אַז אַ מינוט צוואַנציק האָט ער זיך געפונען אין רשות פון אַ שונא, וואָס איז נאָך געפערלאַכער פון אַ הונט. ראַגדזשער איז צוגעלאָפן צו מיר, האָט מיר אַ לעק געטון די האַנט, און איז שוין גרייט געווען צו לויפן ווייטער נאָך די שפורן פון פוקס, נאָר איך האָב אים צוריקגערופן, ער האָט מיט זיינע קלוגע אויגן מיט פאַרוואונדערונג אַ קוק געטון אויף מיר, אָבער באַלד איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און האָט זיך אויסגעצויגן ביי מיינע פיס.

אין משך פון כמעט אַ גאַנצע וואָך האָב איך מיט

ראנדזשערן איבערגעחזרט די דאָזיקע שפּיל, און ווער ווייס וויפיל ס׳וואָלט נאָך געדויערט, ווען מ׳וואָלט סוף־כּל־סוף, איינמאָל נישט געווען באַמערקן ביי אונז אין דער היים, פון יענער זייט טייך, דעם פוקס. ביים פּעטער האָט שוין געפּלאַצט דאָס געדולד און ער איז אליין אַוועק מיט א ביקס אין וואַלד אריין, און אַז דער געצייכנטער איז ווידער אַרויף אויפן בערגל, און ווי אַלע מאָל זיך אויפגעשטעלט אויף זיינע הינטערשטע פיס, כּדי בעסער נאָכצוקוקן די באַוועגונג פונם הונט און זיך צעלאַכט אויף א קול, האָט דעם פּעטער אויסגעשאָסן. ער האָט אים געטראָפן גלייך אין רוקן אַריין און דער געצייכנטער איז גלייך אַנידערגעפאַלן טויט

.IV

אָבער דאָס האָט ווייניק וואָס געהאָלפן: די הינט פלעגן פאַרפאַלן ווערן ווי ביז אַהער, דער פּעטער איז אַזש געווען אויסער זיך; ער האָט באַשלאָסן אליין זיך נעמען צו דער זאַך און וואָס גיכער מאַכן אַ סוף צו די פיקסן: ראשית־כּל האָט ער איבערן וואלד צעוואָרפן קייקעלאַך מיט סם, און האָט דערביי חוזק געמאַכט פון מיינע פּייאיגקייטען אַלס יעגער. כמעט אַלע פאַרנאַכט האָט ער גענומען זיין ביקס און אַ פּאָר הינט און פלעגט אַוועקגיין אין וואַלד אַריין און זיך צוריקקערן מיט גאָרנישט.

די פוקסעכע איז אָבער שווער געווען אָפּצונאַרן מיט די קייקעלאך: זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואָס דאָס באַטייט און זי פלעגט זיי אויסמיידן אָדער גאָר אַוועקוואַרפן אין אַ זייט.

איך האָב זעהר רחמנות געהאַט אויף איר. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט ווי שווער ס'קומט איר איצט אויס אָפּצוהיטן אירע קינדערלאך פון דער געפאַר. פריהער פלעגט, ער געצייכנטער היטן די נאָרע, פאַר־פירן די הינט און פאַרפּלאָנטערן די שפורן, און די פוקסעכע פלעגט זוכן שפייז פאַר זיך און פאַר די קינדער, אָבער איצט, זינט דער געצייכנטער איז טויט, איז איר איינער אַליין אויסגעקומען צו זאָרגן פאַר אַלץ און ניט תמיד איז זי געווען ביכולת צו פאַר־פּלאָנטערן די שפורן צו דער נאָרע און פאַרפירן די הינט.

וואָס ווייטער ס'איז געווען קאָן מען זיך שוין לייכט פאָרשטעלן. ראַנדזשער איז דער ערשטער גע־פאַלן אויף די פרישע שפורן און איז צוגעלאָפן צו דער נאָרע און אונזער פאָקס־טעריער, ספּאָט, האָט אַרומגעשמעקט דעם אַריינגאַנג און געגעבן צוויסן, אַז אינעווייניק זענען דאָ יונגע פיקסעלאך און האָט זיך געסטאַרעט אַהין אַריינצוקריכן.

אויף אַזאַ אופן איז אונזער סוד אַנטפּלעקט געוואָרן און דאָס גאַנצע געזינדל איז פאַרמשפּט געוואָרן צום

טויט. באַלד איז געקומען דער פעטער מיט אַ אַרבעטער, דער אַרבעטער האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, ער האָט מיט אַ רידל גענומען פונאַנדערגראָבן די נאָרע, און מיר אַלע מיט די הינט זענען געשטאַנען אַרום אים און געוואַרט. אָבער דאָ איז געקומען צולויפן די פוקסיכע, און זעהענדיק פאַר זיך די סכנה האט זי גענומען לויפן צום טייך. די הינט האָבן זיך גענומען יאָגן נאָך איר. איך בין אויך אָוועק נאָך איר און אָט זאָג איך פאַר זיך דערזעהן אַ בילד וואָס איך וועל קיינמאל נישט פאַרגעסן. די פוקסעכע איז געלאָפן גלייך מיטן וועג, אַוועקפירנדיק די הינט וואס ווייטער פון דער נארע, און אָט האט זי אין מיטן פעלד דערזעהן אַ סטאַדע שאָף און זיך געלאָזט לויפן גלייך צו זיי. לכתחילה איז עס מיר אויסגעקומען מאָדנע, ווייל צווישן די שאָף איז אַ סך שווערער צו לויפן, ווי אין מיטן פרייען פעלד. נאר באַלד האב איך פאַרשטאַנען, וואָס זי איז מיט דעם אויסן. די פוקסעכע איז צוגעלאפן צו דער סטאַדע און איז פלוצלונג אַרויפגעשפרונגען אַ שאָף אויפן רוקן.

די שאף האט אין איין טויט-שרעק גענומען משגענערווייז לויפן מיט דער פוק אויפן רוקן, און אָט דאס האט זי טאַקע געוואלט: זי האט איבער, געריסן די שפורן און האט זיך ארויסגעדרייט פון די הינט, וואס האבן זיך נאך איר געיאגט, און אט איז

זי אַראָפּגעשפּרונגען פון דער שאַף, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, און האָט זיך דורך אַן אַנדער וועג אומגעקערט צוריק צו איר נאָרע. נאָר די הינט, וואָס האָבן פאַרלוירן איר שפּור האָבן זיך אויך אומגעקערט און זענען געקומען צו אונז, ד. ה. צו דער נאָרע, און די פוקסעכע האָט נעבאַך נישט געוואוסט וואָס צו טון, ווי צו ראַטעווען אירע קינדער פון די שונאים.

דערווייל האָט דער אַרבעטער נישט געדרימלט: ער גאַנץ געשמאַק געאַרבעט מיטן רידל און אָנגעשאָטן פון ביידע זייטן פון דער נאָרע צוויי בערגלאַך ערד מיט זאַמד, אַזוי אַז ס'האָט זיך אַרויסגעזעהן בלויז די אייבערשטער העלפט פון זיין קערפּער. נאָך אַ שעה שווערער אַרבעט, אין משך פון וועלכער די הינט האָבן מיט רציחה געהאַלטן אין איין אַרומיאָגן די פוקסעכע איבערן וואַלד, האָט ער צולעצט אויסגעשריען:

– אָט זענען זיי, בעל-הבית!

איך האָב זיך איינגעבויגן און האָב דערזעהן אין סאַמע עק פון שמאָלן דורכגאַנג אַ גאַנץ געראַמע הייל, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט מיט גראָז און מיט טרוקענע בלעטלאַך, און אין ווינקל פּיג... יינע [illegible]ערשראָקענע פּיקסעלאַך, וואָס האָבן זיך צ... ריקט איינער צום צווייטן און געציטערט.

איך האָב געוואָלט אַ געשריי טאָן, איך האָב געוואָלט

ביטן, מ'זאל זיי לאזן לעבן, נאר איידער איך האב עס נאך באַוויזן צו טון, אַז דער אַרבעטער האָט מיט איין קלאַפּ מיטן רידל געהרגעט דריי פון זיי. דעם פערטן האב איך נאך באַוויזן אָנצוכאַפּן פאַרן עק, און אויפהייבנדיק אים אין דער הייך, האב איך אים אַרויס־געראַטעוועט פון די הינט, וועלכער האָבן זיך אַלײן געריסן צו אים.

דאָס פיקסל האט מיט אַ וויינענדיקן קול אָנגעהויבן צו פּישטשען; אויף זיין קול איז געקומען צולויפן די מוטער און זיך אָנגעהויבן צו דרייען אַרום אונז, זי איז געווען אַזוי נאָהענט פון אונז, אַז ס'איז איר זעהר לייכט געווען צו דערשיסן, ווען די הינט וואָלטן, אומגעריכט פאַר איר אַליין, איר נישט קומען צו הילף: די הינט זענען אָנגעפאַלן אויף איר, און אין דעם דאָזיקן טומל איז געווען זעהר לייכט צו טרעפן אין איינעם פון די הינט. די פוקסעכע האָט זיך געדרייט און געדרייט ביז זי האט זיך אַרויס־געריסן פון די הינט און איז אַנטלאָפן. דער פעטער האָט אויסגעשאָסן, נאר ער האט נישט געטראָפן. איך בין געווען זעהר צופרידן, ווייל איך האָב מיטן גאַנצן האַרצן ליב באַקומען אָט די דאזיקע פוקסעכע, וועלכע האט זיך פשוט מוסר.נפש געווען פאַר אירע קינדער.

דאָס פיקסל, וואס איך האב געראַטעוועט, האט מען אַריינגעלעגט אין אַ זאַק, וואו ער איז געבליבן

ליגן ווי א פארגליווערטער. די אינ צריקע דריי פיקסעלאך האט מען צוריק אריינגעוואָרפן אין נאָרע אריין; און זיי פארשאָטן מיט א פאר לאָפּאַטעס ערד, און מיר זענען אלע אוועק אהיים.

דאס לעבעדיקע פיקסעלע האָבן מיר צוגעבונדן אין הויף אויף א קייט. אייגנטלאך האט קיינער פון אונז נישט געוואוסט צוליב וואס מ׳האט אים געראַטעוועט. נאר קוים האט מען אים אָבער געלאָזט לעבן, האט שוין קיינער מער נישט געוואָגט אים צו טויטן. — אין אונז איז עפּעס פאָרגעקומען א מין איבערקערעניש, אלע זענען עפּעס מיט אמאָל געוואָרן ווייכער און מילדער.

דאס איז געווען זעהר א מילד חיהלע, לויטן אויסזעהן האט עס געכאַפּט דעם אָנבליק פון א ... פון א פוקס. די שפּיציקע, האָריקע מאָרדעשקע, פונקט ווי ביי א יונג ליסיצעלע, דערפאר אָבער האבן די געלע אייגעלאך געבלאַנקט מיט אזא קלוגן, ווילדן פייערל, וואס וואלט זיך א ציקעלע אין גאַנצן לעבן נישט געחלומט.

קוים איז עס צוגעוואוינט צו אים צוגעגאנגען איז ער גלייך אריין אין ... געשטעלט, וואס מ׳האט פאר אים געמאַכט, און האט זיך עפּעס ברוגזלאך און מיט א מין אומצופרידנקייט צוגעדריקט זיך אין קנויל און איז אזוי אומבאַוועגלאַך געבליבן ליגן, ביז מ׳איז פון אים

נישט אַוועקגעגאַנגען. ערשט שפּעטער מיט אַ גאַנצער שעה, ווען קיינער איז שוין לעבן אים נישט געווען און ער איז געבליבן איינער אַליין, האָט ער זיך אָנ-גענומען מיט האַרץ און אויפגעהויבן זיין קעפּל, זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און זעהענדיק, אַז ס'איז שוין נישטאָ קיין שום געפאַר, פלעגט ער זיך ערשט פּאַמעלאַכן אַרויסשאַרן פון זיין קעסטל.

איצט האָב איך שוין נישט געדאַרפט גיין אין וואַלד קלעטערן און באַהאַלטן זיך אין דער אַלטער ליפּע, — איך האָב מיר געקענט שטיין ביי מיין פענסטער און זיך צוקוקן צו מיין קליינעם ליבן פּיקסעלע. אין הויף זענען אַרומגעגאַנגען זעהר פיל הינער. דאָס פּיקסעלע האָט, ווייזט אויס, גאַנץ גוט געדענקט דעם געשמאַקן טעם פון אַ הון, ווייל אין ערשטן פּאַרנאַכט איז איינע פון די הינער צוגעגאַנ-גען זעהר נאָהענט צו אים און איך האָב באַלד דער-הערט דאָס קלינגען פון דער קייט; דאָס האָט ער זיך געפּרוווט זי צו כאַפּן, און ווען נישט די קייט, וואָס האָט אים איינגעהאַלטן, וואָלט זיך עס אים זעהר גוט איינגעגעבן. ער האט זיך אויפגעהויבן און איז מיט אַ אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַוועק צוריק צו זיין קעסטל. און נאָכדעם האב איך געזעהן, ווי ער האָט זיך נאָך איינציקע מאָל געפּרוווט כאַפּן אַ הון, נור דאָס מאָל האט ער שוין אויסגעמאָסטן זיין שפּרונג

אויף וויפיל ס'האָט געקלעקט די לענג פון דער קייט.

ביינאַכט איז דאָס פּיקסל געוואָרן זעהר אומרוהיק,– ער איז אַלע ווײַלע אַרויסגעקראָכן פון זיין קעסטל און ביים מינדסטן שאָרך איז ער צוריק אריין אין דעם. ער האָט געריסן די קייט, און מיט אַ ווילדער רציחה, זי געביסן מיט זיינע יונגע ציינדלאַך, צו־האַלטנדיק זי מיט די פּעדערשטע לאַפּקעס. דערנאָך איז ער שטיל געוואָרן, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס צוהערן, און גלייך האָט ער אויסגעשריען מיט אַ ציטעריקן קול.

שפּעטער אַביסל האָט ער נאָך איין מאָל און צוויי־מאָל אַ פּישטשע געטון און געהאַלטן אין איין וואַרפן זיך, רייסן די קייט און אַרומלויפן אַרום קעסטל. פּלוצלונג האט זיך פון ערגעץ־ווייט דערהערט דאָס באַקאַנטע „יאַפּ־יוררר"! דאס האָט זיך די אַלטע מוטער אָפּגערופן אויפן געוויין פון איר קינד. אין עטלאַכע מינוט אַרום האָט עפּעס אַ שאָטן דורכגעשוועבט פאַר־ביי פאַרקאַן. דאָס פּיקסעלע איז גלייך אַריין אין קעסטל, אָבער באַלד איז ער פון דאָרט אַרויסגע־שפּרונגען און האָט זיך מיט פרייד געלאָזט לויפן אַנטקעגן דער מוטער. פייל פון בויגן האָט זי זיך אַ לאָז געטון, האט אים אַ כאַפּ געטאָן ביים האַלז און זיך געלאָזט מיט אים לויפן צוריק. נאָר די קייט האט נישט געלאָזט און דאס פּיקסעלע איז ווי

אַ סנאָפּ געפֿאַלן אויף דער ערד און אָנגעהויבן שרעק-לאַך צו יאָמערן. איך האָב אויפֿגעמאַכט דאָס פֿענס-טער און די פּיקסעכע האָט זיך דערשראָקן פֿון קלאַפּ. און איז גלייך אַריבערגעשפּרונגען איבערן פֿאַרקאַן און איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן.

ערשט אין אַ שעה אַרום האָט זיך דאָס פּיקסעלע באַרוהיקט. איך בין נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און ביים שיין פֿון דער לבנה האָב איך דערזעהן די מוטער ליגט לעבן אים און גריזעט עפּעס; לויטן קלאַנג פֿון אייזן האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז זי סטאַרעט זיך איבערצובייסן די דאָזיקע פֿאַרשאָלטענע קייט. דאָס פּיקסעלע האָט זיך בעת-מעשה צוגעטוליעט צו איר, אָפּגעזוכט איר ברוסט און האָט גאַנץ געשמאַק געזויגן.

ווי נאָר די פּוקסעכע האָט דערהערט מײַנע טריט איז זי אויפֿגעשפּרונגען און איז אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַריין. לעבן דעם פּיקסעלעס קעסטעלע, וואָס מיר האָבן געמאַכט פֿאַר אים, האָב איך דערזעהן צוויי טויטע פֿעלד-מייז; דאָס האָט אים די מוטער געבראַכט פֿון דער היים אַ מתּנה. אינדערפֿרי האָב איך באַ-טראַכט די קייט און ביים סאַמע האַלזרינג באַמערקט, אַז זי איז אָפּגעריבן, גלייך ווי מ'וואָלט זי אָקאָרשט אָפּגעפֿאַלירט.

נאָכדעם בין איך אוועק אין וואַלד אַריין, צו דער

ערשטער נאָרע און דאָרט דערזעהן די שפורן פון
דער אַלטער פוקסעכע. אויף דער ערד זענען געלעגן
די דריי טויטע פיקסעלאַך, — די מוטער האָט זיי אויס-
געגראָבן און האָט זיי, ווייזט אויס, אַרומגעלעקט און
אַרומגערייניקט, ווארום אויף זייערע קערפּערלאַך, האָט
זיך ניט געזעהן קיין סימן פון שטויב, אין וועלכן זיי
האבן זיך נעכטן געוואַלגערט. לעבן זיי זענען געלעגן
צוויי אָקאָרשט דערשטיקטע הינער. אויף דער פריש
צעגראָבענער ערד האָבן זיך געזעהן די שפורן פון
דער פוקסעכע; זיי האָבן דערציילט וועגן איר גאַנצער
מיה און וועגן איר אומגליק. אָט האט זי זיי געבראַכט
וואָס צו עסן, אַלץ, וואָס ס'האָט זיך איר נאָר איינגעגעבן
די נאַכט צו כאַפּן; אָט דאָ איז זי געלעגן לעבן זיי
און זיי געגעבן איר ברוסט צו שטילן זייער הונגער,
אומזיסט האָט זי זיך געסטאַרעט צו דערוואַרימען
זייערע פאַרגליווערטע קערפּערלאַך, אָנהאָדעווען די
פאַרקילטע מאָרדעשקעס.

אויף דער צעגראָבענער ערד האָבן זיך בולט גע-
זעהן די טיילן פון איר קערפּער: די לאַפּעס, די
ברוסט, די היפּטן, דאָס אַלץ האס דערציילט אז אָט
דאָ איז זי געלעגן און האָט מיט פאַרצווייפלונג גע-
קוקט אויף זיי און מיט אירע לאַפּעס צעגראָבן די
ערד. יאָמרנדיק אויף אַ קול איבער אירע טויטע
קינדערלאַך. און אַז די זון איז אויפגעגאַנגען און די

ערשטע־שטראַלן האָבן באַלויכטן דאָס אָרט פון איר אומגליק, הייבט זי זיך אויף, וואַרפט אַ לעצטן בליק אויף אירע אומגליקלאַכע קינדערלאַך און גייט אַוועק. יאָ, אירע קינדערלאַך זענען טויט און מער האָט זי שוין דאָ ניט וואָס צו טון.

## V.

פון איצט אָן האָט די אַלטע פוקס[illegible]ע איר גאַנצע ליבע און מוטערלאַכע געפילן אַריבער[illegible]אָגן אויפן ייִנגסטן, סאַמע שוואַכסטן און קל[illegible]ן פיקסעלע, אונזער געפאַנגענעם, וועלכן מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן טיפּ. יעדן אָוונט האָט מען אונזערע הינט אָפּגעבונדן פון דער קייט, זיי זאָלן היטן די הינער: אין די אַרו־מיקע וועלדער האָט מען צעוואָרפן פאַרסמטע הינערשע קעפּלאַך, וואָס די פוקסן האָבן אַזוי ליב צו עסן, און אַ הונט וועט עס קיינמאָל נישט נעמען אין מויל אַריין; מיר און אונזער אַרבעטער האָט מען געהייסן היטן די פוקסעכע, און ווי נאָר זי וועט זיך באַווייזן־טויטן אויפן אָרט, נאָר איך האָב באַשלאָסן עס ניט צו טון. אַריינקומען צו אונז אין הויף אַריין האָט די פוקסעכע געקענט בלויז דורך איין וועג: אַריבער־שפּרינגען איבערן פּאַרקאַן, כאָטש דאָס איז אויך גע־ווען גענוג געפערלאַך, נאָר דאָך איז זי אַלע נאַכט גע־קומען צו איר פיקסעלע, אָנהאָדעווען אים פון איר ברוסט

און פלעגט אים ברענגען אָדער הינער אָדער אַנדערע קליינע חיהלאַך, ס׳רוב נאָך לעבעדיקע, כדי ער זאָל זיך קענען אביסל שפּילן מיט זיי. און יעדע נאַכט, ווען איך פלעג אַרויסקוקן דורכן פענסטער פלעג איך זי נישט איינמאָל טרעפן לעבן פּיקסעלע; איצט פלעגט זי שוין קומען, נישט וואַרטנדיק אויפן רוף פון איר עלענדן קינד.

די צווייטע נאַכט האָב איך ווידער דערהערט דאָס קלינגען פון דער קייט און דורכן פענסטער האָב איך דערזעהן די פוקסעכע, וועלכע האָט געגראָבן לעבן קעסטעלע אַ גרוב. אַז דער גרוב איז שוין געווען גענוג גרויס, אַזוי, אַז זי האָט זיך געקענט אין אים באַהאַלטן, האָט זי אין אים אַרייַנגעלייגט די טייל פון דער קייט, וואָס האָט זיך נאכגעשלעפּט נאָכן פּיקסעלע, האָט זי פאַרשאָטן מיט ערד און מיט פרייד, — זי האָט, אַ פּנים, גערעכנט, אַז אויף אַזאַ אופן איז זי שוין פּטור געוואָרן פון דער קייט, — אַ כאַפּ געטון טיפן פאַרן קאַרק און געוואָלט מיט אים אַריבערשפּרינגען איבערן פּאַרקאַן. נאָר אוי! די קייט האָט נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט, ווי פריהער, אַרויסגעריסן דאָס פּיקסעלע פון איר מויל און אים אַ שליידער געטון אויף דער ערד.

דאָס אומגליקלאַכע פּיקסעלע האָט זיך אומגעקערט צוריק אין זיין קעסטל אַריין און האָט שרעקלאַך

געיאָמערט. אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבן די הינט מיט אַ הילכיקן בילן און מיט אַ אימפּעט זיך געלאָזט לויפן אין וואַלד אַריין. לויטן קול פון זייער בילן, וואָס האָט אָפּגעקלונגען פון וואַלד אַרויס, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי יאָגן זיך נאָך דער פוקסעכע. דאָס בילן האָט זיך געהערט פון צפון זייט, צו דער אײַזנבאַן צו, אַלץ שוואַכער און שוואַכער, און איז צולעצט אינגאַנצן פאַרטויבט געוואָרן.

אינדערפרי האָבן זיך די הינט אומגעקערט צוריק. נאָר איינער פון זיי האָט געפעלט. און פאַר אונז איז באַלד קלאָר געוואָרן די סבה דערפון. די פיקסן ווייס, שוין וואָס אַן אײַזנבאַן איז; זיי האָבן זיך שוין, ווייזט אויס, צוגעפּאַסט ווי אויסצונוצן זיך אויך מיט איר. אָפטמאָל, בשעת די הינט יאָגן זיך נאָך זיי, שפּרינגען זיי אַרויף אויף די רעלסן און לויפן אָט איבער זיי אַ היפּשע שטרעקע און זיי שרעקן זיך אַפילו נישט אָפּ צולויפן פאַרן צוג, כּדי די שפּורן, וואָס לאָזן זיך אַזוי אויך שווער דערפילן אויפן אײַזן, זאָלן אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן דורך דעם צוגן וואָס לויפט איבער זיי, און, דערצו נאָך, קאָן זעהר אָפט טרעפן, אַז דער הונט זאָל געהרגעט ווערן אויך. דער אַנדערער מיטל איז געפערלאַכער און באַשטייט אין דעם, צו פאַרנאַרן דעם הונט אַהין, וואו די רעלסן ליגן איבער אַן אָפּגרונט, אויף הויכע

שמאלע קלעצער, אין דער צייט, ווען פון ווייטנס הערט זיך דאָס רוישן פון לויטנדיקן צוג, אַזוי, אַז דער לאָקאמאטיוו יאָגט אָן דעם הונט, וואס איז אַריינגעשמועסט אין באַכאַפּירן דעם פוקס און ער ווערט געהרגעט.

דאָס מאל האט זיך די פוקסעכע אזוי נוהג געווען מיט אונזער אַרימען ראָנדזשערן, און, אַז מיר האָבן זיין צעבלוטיקטן קערפער געפונען אין אָפגרונט, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאס האט זי זיך אין אים נוקם געווען פאַר איר מאַן און קינדער.

אליין ווידער האט זי זיך באַלד אומגעקערט צוריק צו אונז אין הויף אַריין, נאך איידער אונזער פאַרמוטשעטער פּאָקס־טעריער, ספּאָט, האט באַוויזן צוקומען צולויפן אויף זיינע קורצע אויסגעמאַטערטע פיסלאַך, האט געכאַפּט אַ הון און זי געבראַכט איר ליבן פיקסעלע; זי האט זיך אויסגעצויגן לעבן אים, כדי ער זאל זויגן פון איר ברוסט. זי האט געוויס גערעכנט, אַז אויסער דעם, וואס זי ברענגט אים באַקומט ער גאר נישט וואָס צו עסן. און אָט דורך דער דאָזיקער נישט דערעסענער הון האט זיך דער פעטער דערוואוסט, אַז טיפּס מוטער קומט נאָך אַלץ אַלע נאַכט צו אים.

און אַזוי ווי אַלע מיינע סימפּאַטיעס זענען אינגאנצן געווען אויפן צד פון דער פוקסעכע און איך האָב זי בשום אופן נישט געוואָלט טויטן, האט דער פעטער

אַליין גענומען די ביקס און איז מיט איר אָפּגעזעסן אַ שעה צייט אין דרויסן. נאָכדעם, אַז די לבנה האָט זיך באַהאַלטן אונטער די וואָלקנס און ס'איז געוואָרן אַביסל קילער, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך פיל אַנדערע וויכטיקע אַרבעט און האָט אויף זיין אָרט אַוועקגעזעצט אונזער אַרבעטער פעדדין.

פעדדי, ווידער, איז געבליבן זיצן איינער אַליין און ער האָט זיך, ווייזט אויס, דערפילט זעהר שלעכט אין דער קילער שטילקייט פון דער נאַכט, און אָט אין אַ שעה אַרום האָב איך דערהערט אַ שאָס. דאָס האָט ער בכּיוון אויסגעשאָסן, בכדי צו באַרוהיקן זיין גע-וויסן און האָט זיך געלעגט שלאָפן.

און דאָס פיקסעכע איז ווידער געוועזן לעבן איר זון: אינדערפרי האָט דער פעטער לעבן קעסטל געפונען נאָך איין ניטדערעסענע הון. און ביינאַכט האָט ער ווידער גענומען די ביקס און זיך געזעצט וואַרטן אויף דער פוקסעכע.

סן,

באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאָס, די פוקסעכע יגעגאַ-
האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס חיהלע, וואָס זי האט געמי׳ געקאַ׳טשעט
פאַר טיפן, און איז פאַרשוואונדן. שפּעטער אַגאַנגען, או-
איז זי נאָך אַמאָל געקומען צולויפן, דער פעטער האַנדער הון,
ווידער אויסגעשאָסן, נאַר אויך דאָס מאָל נישט געטראָפן, געיינעו
און אינדערפרי האָט מען לויטן גלאַנצן פון דער קייט
ווידער געקענט זעהן, אַז זי איז אַ אָפּגעלעגן אַ לאַנגע

צייט און זיך געסטאַרעט איבערצובייסן אָט די דאָזיקע פאַרשאָלטענע קייט.

און אָט דאָזיקע באַהאַרצטקייט, אָט די דאָזיקע אַנטשלאָסנקייט און איבערגעגעבנקייט האָבן ניט ווילנ-דיק אַרויסגערופן ביי אַלעמען אַ געפיל פון אַכטונג צו איר, און דעריבער איז די צווייטע נאַכט שוין קיינער נישט געזעסן מיט דער ביקס און געוואַרט אויף איר. וועט זי דאָס אויסנוצן? ס'קאָן זיין, אַז נאָכדעם ווי מ'האָט אויף איר אין משך פון איין נאַכט דריי מאָל געשאָסן, וועט זי שוין אליין נישט קומען אָנהאָדעווען איר קינד, זעהענדיק, אַז אַלע אירע פרוּוון צו באַ-פרייען אים זענען אַרויסגעוואָרפן?

ניין, דאָס מוטערלאַכע געפיל האָט איר ווידער געבראַכט צופירן; אויף דער פערטער נאַכט האָב איך אַליין געזעהן, ווי אויפן וויינענדיקן קול פון איר קינד האָט זיך אויפן פאַרקאַן באַלד באַוויזן ג,איר שאָטן.

דאָס מאָל האב איך גאָרנישט באַמערקט, זי זאָל. דאָזיקער וואָס ברענגען אין איר מויל: וואָס זאל עס דערוואַרן? ניט-זשע האָט די אויסגעפרוווטע חיה נישט געוויזן עפּעס צו כאַפּן און ברענגען איר ליב קינד אַ מתנה? און אפשר איז איר שוין נמאס געוואָרן צו זאָרגן פאַר איר איינאייניציק לעבן געבליבענעם קינד? אָדער אפשר האט זי שוין אָנגעהויבן צו גלויבן

אין אירע שונאים, אַז זיי ווען אים נישט לאָזן אויס-
גיין פון הונגער?

ס'הייבט זיך גאָר נישט אָן! דאָס געפיל פון ליבע און האַס פון אַ מוטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די ווילדע וועלדער, בייט זיך ניט אַזוי שנעל. איר איינציקער געדאַנק איז געווען: צו באַפרייען איר קינד; זי האט שוין אויסגעפּרוווט אַלע אירע מיטלען, זי האָט איינגעשטעלט איר לעבן, זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט קעגן יעדער געפאַר, אַבי ס'זאָל אים זיין גוט, אַבי ער זאָל אויסגעלעזט ווערן פון דעם שונאס הענט. נאָר דאָס אַלץ איז געווען אומזיסט.

און אָט איז זי ווידער דאָ, נאָר דאָס מאָל איז זי נישט אַריבערגעשפּרונגען איבערן פאַרקאַן און, ווי אַלעמאָל, זיך געלאָזט גיין צו איר קינד, זי האָט אים נאָר עפּעס אַ וואָרף געטון און איז באַלד פאַרשוואונדן.

טיפּ האט זיך מיט פרייד אַ וואָרף געטון צו דעם און האָט עס מיט פאַרגעניגן גענומען קייען און גריזען; נאָר ער האָט עס נאָך נישט באַוויזן אויפצועסן, אַז ער האָט זיך שרעקלאַך צעיאָמערט. איך בין צוגעגאַנגען צו אים: דאס פּיקסעלע האט זיך געקאָרטשעט פון ווייטאָג און איז באַלד אויסגעגאַנגען. אוי-איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס קעפּל פון דער הון, וואָס די מוטער האָט אים געבראַכט, איז געווען מיט סם...

ניִשט דערפֿאַר, וואס זי האָט דאָס ניִשט געוואוסט, האָט זי עס געטון און איך ניִשט דערפֿאַר, האָס איר ליבע צו איר איינציק קינד איז אָפּגעקילט געוואָרן. די פֿוקסעכע האָט גאַנץ גוט געוואוסט דעם אונטער־שייד פֿון די קייקעלאַך סם און אויך פֿון די פֿאַר־סמטע היגעריקעפּלאַך, און אויב איר קינד וואָלט גע־ווען לעבן איר, וואָלט זי אים געוויס בעלערנט ווי זיי צו דערקענען און אויסמיידן. אָבער איצט, אַז זי האָט געדאַרפֿט אויסקלייבן פֿאַר אים איינס פֿון די ביידע: אָדער דאס לעבן פֿון אַן אייביקן געפֿאַנגענעם אָדער אַ באַלדיקן טויט, האָט זי אין זיך דערשטיקט דאָס מוטערלאַכע רחמנות־געפֿיל און אים באַפֿרייט דורך דעם איינציקן מיטל, וואס איז איר נאָך געבליבן.

— — — — — — — — — —

שפּעטער, אַז ס׳איז אויסגעפֿאַלן דער ערשטער שניי און מיר זענען, חי געווינלאַך, אַוועק אין וואַלד אַריין, בכדי צו דערגיין, וועלכע חיות ס׳האַלטן זיך אויף אין אונזערע קאַנטן, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז די פֿיקסערע איז שוין ניִשטאָ. וואוהין זי איז אַוועק און וואָס ס׳איז מיט איר געוואָרן, דאס האט מיר דער שניי ניִשט געקענט דערציילן, אבער ס׳איז געווען קלאָר, אַז זי איז שוין דאָרט ניִשטאָ. ס׳קען זיין, אַז זי איז אַוועק ערגעץ אין אַן אַנדער וואַלד, ווייטער פֿון דעם אָרט, וואו ס׳לעבן נאָך די זכרונות וועגן

זייט פון איר מאַן און פון אירע אומגליקלאַכע קינ־
דערלאַך, און ס'קאָן זיין, אַז זי האט זיך אַליין גענו־
מען דאס לעבן, ווי ס'טרעפט אָפט מיט אַנדערע
מוטערס פון די ווילדע חיות, אויף דעם זעלביקן
אופן, ווי זי האט באַפרייט איר לעבן־געבליבענעם
קינד פון זיינע ליידן.

---